מ. קריוויצקי

# ווי אזוי אָרגאַניזירט מען אַ שפּיל=פּלאַץ?

(אינסטרוקציעס פאַר מיטאַרבעטער פון שפּיל=פּלעצער)

אַרויסגעגעבן דורך דער ווילנער
חברה „אָזע" ביי דער מיטווירקונג
פון געגנט=קאָמיטעט „יעקאָפּאָ"



ווילנע — 1920

מ. קריוויצקי

# ווי אזוי ארגאניזירט מען א שפיל-פלאן?

(אינסטרוקציעס פאַר מיטאַרבעטער פון שפּיל=פּלעצער)

ארויסגעגעבן דורך דער ווילנער
חברה „אָזע" ביי דער מיטווירקונג
פון געגנט=קאָמיטעט „יעקאָפּאָ"



ווילנע — 1920

דרוקעריי ברידער ראָזענטאל. ווילנע, רודניצקער 7.

# דער שפּיל=פּלאַץ און דאָס ייִדישע קינד.

(אַנשטאָט אַן הקדמה.)

דער שפּיל=פּלאַץ, קען מען זאָגן, איז די ייִנגסטע פּעדאַגאָגישע אַנשטאַלט אויף דער ייִדישער גאַס און דאָך איז ער פֿאַרהעלטניסמעסיק זייער פּאָפּולער צווישן די קינדער פֿון די אַרבעטנדיקע און האָרעפּאַשנע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. און ס'איז ניט קיין וואונדער!

דאָס ייִדישע קינד איז, אין פֿאַרגלייך מיט די קינדער פֿון די אומות העולם, מוראדיק אָפּגעשטאַנען אין דער פֿיזישער הינזיכט.

דאָס ייִדיש ייִנגל האָט אין משך פֿון דורות געלערנט אַ קיילאַכדיקן יאָר פֿונדערפֿרי ביז שפּעט אינאָוונט אין ענגן און שמוציקן חדר אָדער תּלמוד=תּורה, און דאָס ייִדיש מיידל — אַרומגעדרייט זיך אַרום דער מאַמעס פֿאַרטוך אין די קיך=טעפּלאַך.

דער איינציקער שפּיל=אָרט, וואו זיי פֿלעגן שוין יאָ אַריינכאַפּן אַ רגעלע אויף צו באַפֿרידיקן זייער נאַטירליכע גלוסט צום שפּילן, איז געווען דאָס קליין און שמוציק הויפֿל נעבן שטוב.

צוליב די פּאָליטישע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען פֿון פֿאַר דער מלחמה איז דער רוֹב מנין ורוֹב בנין פֿון די ייִדישע מאַסן צונויפֿגעפּרעסט געווען אין די שטעט און שטעטלאַך פֿון תּחום, און דעם ייִדישן קינד איז אויסגעקומען אויך אין דער היים צו לעבן אין די ערגסטע היגיענישע באַדינגונגען.

אויסער דעם אַלעם האָט דאָס ייִדישע קינד בכלל קיין קינדהייט ניט געהאַט: עס האָט ניט געטאָרט, לויט דער מיינונג פֿון די דערוואַקסענע, ניט שפּילן, ניט זינגען, ניט שטיפֿן, ניט „מייסטרעווען”, עס האָט ניט געטאָרט אַרומגיין „פּוסט=און-פּאַס”. אין נעגנפֿאַל — האָט מען עס פֿאַר אַ „שייגעץ”, אַ באָד-יונג געהאַלטן.

די ייִדישע עלטערן האָבן ניט געקאָנט און ניט געוואָלט פֿאַרשטיין אַז „ניט דערפֿאַר שפּילט דאָס קינד, ווייל עס איז יונג, נאָר פֿאַרקערט, די יוגנט איז אים געגעבן געוואָרן אויף צום שפּילן, צו איבן זיך און דערווערבן די געוואוינהייטן, וועלכע וועלן אים נוציק זיין שפּעטער, ווען עס

וועט עלטער ווערן" (גראָם). ווענן אַ דערציאונג און געזעלשאַפטליכן זין האָט נאָר דאָן קוין ריכד ניט געקאָנט זיין. דאָס ידישע יגגל האָט, למשל, געהאַלטן (אונטער דער השפעה פון די דערוואַקסענע) פאַר אַ חרפה זיך צו שפּילן מיט אַ מיידל. נאָר יאָרן ציען, יאָרן פליען — און צייטן בייטן זיך! עס זיינען ניע צייטן געקומען, און דאָס ידישע קינד איז מיט קינדער גלייך געוואָרן! די אויפגעקומענע ידישע וועלטלאַכע שול און איבערהויפט דער שפּיל-פּלאַץ, האָבן דעם ידישן קינד די קינדהייט אומגעקערט.

אויך די ידישע עלטערן זיינען שוין ניט די, וואָס פריער: די צייט און די אויפקלערנדיקע אַרבעט פון ידישן לערער און פון דער פאָלקס-אינטעליגענץ האָט מער אָדער ווייניקער געווירקט, און דער קוק אויפן קינד און די באַציאונג צו אים האָבן זיך געביטן. נאָר מען דאַרף, פאַרשטייט זיך, ניט זיין צו אָפּטימיסטיש: ס'בלייבט נאָך זייער פיל צו טאָן און דער הינזיכט...

דער שפּיל-פּלאַץ — דאָס איז אַ לעבעדיקער פּראָטעסט קעגן דער פאַראַכטונג צו דער פיזישער דערציאונג, וואָס האָט געהערשט (און הערשט נאָך עד-היום) ביי דער ידישער מאַסע, קעגן דער פאַרקריפּלטער און שלעכטער דערציאונג פון קינד בכלל און קעגן די אַנטיהיגיענישע און אומנאָרמאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט.

אין אַמעריקע, ענגלאַנד און דייטשלאַנד איז דער שפּיל-פּלאַץ געוואָרן איינער פון די באַליבטסטע און וויכטיקסטע אַנשטאַלטן.

ער מוז אויך אין אונזער ידישער סביבה שלאָגן טיפע וואָרצלען, מחמת ער איז פאַר אונזערע קינדער נויטיק, ווי דאָס לעבן.

ס'איז דעריבער אַ חוב פון יעדן איבערגעבענעם לערער, פון יעדן ערנסטן כלל-טוער און פאָלקס-אינטעליגענט צו פּראָפּאַגאַנדירן די אידעע פון שפּיל-פּלעצער צווישן די ברייטע ידישע מאַסן.

**אברהם בולקין,**

מיטאַרבעטער פון ווילנער „אָזע"

---

## § 1. וואָס איז אַזוינס אַ שפּיל־פּלאַץ?

אַלס געבורטס־אָרט פון די אַנשטאַלטן פאַר דער אויסער־שוליקער דערציאונג און בילדונג דאַרף מען רעכענען אַמעריקע.

די ערשטע קינדער־קלובן זיינען געגרינדעט געוואָרן אין אַמעריקע.

דערנאָך ערשט האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין מערב־אייראָפּע און אין רוסלאַנד. אַזעלכע אַנשטאַלטן, ווי שפּיל־פּלעצער, קינדער־ביבליאָטעקן וכדומה דאַרף מען באַטראַכטן ווי פאַרשיידענע שאַטירונגען פון די קינדער־קלובן.

„די קינדער־קלובן ווערן געגרינדעט מיטן צוועק צו געבן די קליינוואַרג אַ מעגלאַכקייט צו לעבן מיט זייער אייגענעם לעבן: שפּילן, זינגען, צייכענען, פריילאַך זיין, אַרבעטן, צונויפקלייבן זיך אין קרייזלאַך, אַרויסגעבן אייגענע זשורנאַלן, שאַפן זיך אַן אייגענעם טעאַטער און בכלל צו העלפן איינער דעם צווייטן״ (שאַצקי).

די קלובן זיינען פון איין זייט אַנשטאַלטן, וואָס זאָרגן וועגן דער אינדיווידועלער אַנטוויקלונג פון קינד, פון אַנדערן זייט — אַ שול פון געזונטער געזעלשאַפטליכקייט.

קינדער־קלובן פונקציאָנירן געוויינלאַך ווינטער. זומער־צייט ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין שפּיל־פּלעצער, וועלכע קענען באַטראַכט ווערן ווי „קלובן אויף זומער־וואוינונגען״.

די דאָזיקע קינדער־אַנשטאַלטן זיינען אָן ספק זייער וויכטיק

און האָבן זייער אַ גרויסע באַדייטונג, מחמת אין זיי ווערט דורכ-געפירט אַ גרויסע דערציערישע אַרבעט, וועלכער עס ווערט אָפּ-געגעבן ווייניק אויפמערקזאַמקייט אין אונזער שול, וואָס שטעלט זיך ריין בילדונגס-צילן.

די וויכטיקייט פון די שפּיל-פּלעצער ווערט נאָך פאַרגרעסערט דורך דעם, וואָס זיי קענען באַדינען אויך דעם טייל קינדער, וואָס האָט ניט קיין מעגליכקייט צוליב די אָדער יענע סבות צו באַזוכן אַ שול אָדער אַ קינדער-גאָרטן.

ליטעראַטור:

1) М. М. Клечковский. Современное воспитание и новые пути. 2) С. Шацкий. Детское царство. С. Шацкий. 3) Детиработники будущаго. 4) В. Бук. Самоуправляющиеся клубы мальчиков. 5) Свободное воспитание, журнал 1908–1909. 6) Шлегер. Практическая работа в детском саду.

---

## § 2. די אָרגאַניזירונג פון די עלטערן.

די מיטאַרבעטער פון שפּיל-פּלעצער קומט אָפּט אויס שוין אין די ערשטע טעג פון דער אַרבעט צו באַגעגענען אַ גאַנצע ריי שוועריקייטן.

איינע פון זיי איז דאָס צענויפנעמען קינדער פאַרן שפּיל-פּלאַץ. קיין געזעץ וועגן דעם, אַז קינדער מוזן באַזוכן אַ שפּיל-פּלאַץ איז ניטאָ. די באַציאונג פון די עלטערן צו די שפּיל-פּלעצער און קינדער-קלובן איז אין גרעסטן טייל גאָר אַן אַנדערע, ווי צו די שולן, וואָס זיינען שוין פון אַלעמען אָנערקענט.

די נוצן פון די שפּיל-פּלעצער און קינדער-קלובן זיינען דעם רוב עלטערן ניט קלאָר.

די עלטערן לאָזן זייער ניט גערן אָפּ די קינדער, איבער-הויפּט די עלטערע, אויך צוליב דעם, וואָס זיי נייטיקן זיך אין זייער הילף ביי פאַרשיידענע שטוביקע אַרבעט.

און דעריבער מוז מען טאַקע די אָרגאַניזירונג פון שפּיל־פּלאַץ קודם־כל אָנהויבן פון דער אָרגאַניזירונג פון די עלטערן; מען מוז די אידעען פון שפּיל־פּלאַץ צווישן זיי פּראָפּאַגאַנדירן.

כדי צו פאַרלייכטערן זיך די אויפגאַבע, איז בעסער פאַר אַלץ צו ווענדן זיך צו פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס: קהלות, קולטור־און בילדונגס־חברות, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען, שולן- וכדומה.

דאָס אָרגאַניזירן די עלטערן האָט דרייערליי מעלות: ערשטנס, גיט דאָס אַ מעגליכקייט צוצוציען די עלטערן צו דער אָרגאַניזיר־אַרבעט פון שפּיל־פּלאַץ. אַנשטאָט געגנער, וועט מען, אויב ניט אין אַלע, איז כאָטש אין אַ טייל עלטערן באַגעגענען טיכטיקע מיטאַרבעטער. צווייטנס, גיט דאָס אַ מעגליכקייט בעסער צו באַקענען זיך מיט די באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבן די קינדער. דריטנס, וועט דאָס בכלל פאַרלייכטערן די אַגיטאַציע צווישן די עלטערן. די אָרגאַניזירונג פון די עלטערן קען זיך אויסדריקן אין פאַרשיידענע פאָרמען: אין דער פאָרם פון אַן עלטערן־קלוב, עלטערן־קאָמיטעט אָדער ענליכע אָרנאַניזאַציע.

אַן עלטערן־קלוב עפנט אַ סך מער מעגליכקייטן, ווי אַלע איבעריקע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע.

אין עלטערן־קלוב קענען געפירט ווערן צוערשט פאָלגנדיקע שמועסן:

1) די דערציאונג אין דער היינטיקער משפחה (אירע נעגאַטיווע זייטען).

2) די פּרינציפּן פון אַ געזונטער דערציאונג.

3) וואָס איז אַזוינס אַ שפּיל־פּלאַץ? א. אַנד.

ליטעראַטור:

1). Корнилов. Дошкольное воспитание пролетарских детей. 2) Ю. Веселовский. Трагедия детских душ. 3) Герд. Вопль детей.

---

## § 3. דער אָרט פאַרן שפּיל=פּלאַץ.

פאַר אַ שפּיל=פּלאַץ דאַרף מען אויסקלייבן אַ טרוקענעם, הויכן און גלייכן אָרט, וואָס איז אַרומגערינגלט מיטביימער (בעסער, פאַרשטייט זיך, נאָדל=ביימער), וואָס זאָלן פאַרהאַלטן דעם שטויב און גערויש פון די אַרומיקע גאַסן. ער דאַרף זיין ווייט פון פאַבריקעס, זאַוואָדן, מיסט=קאַסטנס און בכלל דאַרף ער זיך ניט געפינען אין שכנות מיט אַזעלכע אַנשטאַלטן, וואָס קענען שעדלאַך ווירקן אויף דעם געזונט אָדער זיטליכקייט פון די קינדער. ביים אויס=קלייבן דעם שפּיל=פּלאַץ דאַרף מען אויך פאַראינטערעסירן זיך מיטן באָדן. ליימיקע און שטיינערדיקע ערטער איז בעסער פאַר אַלץ אויסצומיידן, מחמת זיי לאָזן ניט דורך קיין וואַסער, פאַרהאַלטן עס אויף זיך — און ס'ווערן בלאָטעס, וואו ס'פּוילן פאַרשיידענע אָרגאַנישע רעשטלאַך און ס'שווימלען און גריבלען באַקטעריעס — וואָס ס'איז בכלל ניט באַקוועם און ניט געוואונשן.

בעסער פאַר אַלץ איז אַ זאַמדיקער באָדן, וואָס אַנטהאַלט אין זיך ווייניק וואַסער און לאָזט עס גיך דורך. ס'דאַרף זיין אויפן שפּיל=פּלאַץ אַ באַזונדער אָרט פאַר אַזעלכע שפּילן, ווי קראָקעט, קעגלי, שטעטלאַך („גאָראָדקי”) א. אַנד. זייער וויכטיק איז, ס'זאָל זיין אַן אָרט אויך פאַר אַ גאָרטן.

אַ שפּיל=אָרט, וואָס איז אויסגערעכנט אויף 30—25 קינדער, דאַרף האָבן אַ שטח פון 25×60 טריט. דער אָרט פאַר קראָקעט דאַרף פאַרנעמען 30×20 טריט.

ביים שפּיל=פּלאַץ דאַרף זיין אַ געביידע אָדער אַן אָפּדאַך, וואו מ'זאָל קענען אַרבעטן און פאַרברענגען בשעת אַ רעגן אָדער אין אַ שלעכטן וועטער. ס'דאַרף זיין אויך אַ צימער, וואו מ'זאָל קענען פאַרשליסן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט פון שפּיל=פּלאַץ. די פענסטער פון דער געביידע און די עפענונג פון אָפּדאַך דאַרפן זיין געווענדעט צו דרום, דרום=מזרח אָדער דרום=מערב זייט.

די קינדער דאַרפן וואוינען ניט ווייטער ווי אויף אַ מהלך פון אַ האַלב שעה גאַנג פון שפּיל=פּלאַץ.

## .4 § די איינריכטונג אויף 25 קינדער.

(דאָס נייטיקסטע):

I. מ ע ב ל פאַרן שפּיל־פּלאַץ:

1) אַן אַלמער אויף צו האַלטן געפעס און פּראָדוקטן.

2) „ „ „ די מכשירים און פּאַרטיקע קינדער־אַרבעטן.

3) 2 עס־טישן.

4) איין קיך־טיש.

5) 25 שטולן (אין אַ נויט־פאַל קענען זיי פאַרביטן ווערן מיט בענק).

6) 2 האַנט־פּעסער.

7) אַ טיש פאַר דער קאַנצעליאַריע.

II. וו ע ש: 1) אַ האַלבע טוץ האַנטיכער.
2) אַ האַלבע טוץ געפעס־טיכער.

III. כ ל י ם: 1 קעסל, 2 עמער עמאַלירטע (אָדער געווייסטע) אויף צו האַלטן מילך, 2 עמער אויף וואַסער, 25 קוביק־לאַך, 1 שווענק־שיסעלע, 1 קווערטל אויף צו פונאַנדערגיסן די מילך, 1 קעסעלע מיט אַ קראַן אויף צו האַלטן געקאָכטע וואַסער.
2 פּאַדלאָגע־בערשט.
5 בעזימער.

IV. ש פּ י ל־מ כ ש י ר י ם:
1 גרויסע פּילקע (באַל), 12 קלענערע, רייפן, שפּרינגערס, לייצעס, קראָקעט, סערסאָ, קעגלי.

V. ג ע צ י י ג: 3 זעגעלאַך, 1 האַק, 2 העמערלאַך, 1 אפצווענג, 10 אַיינבינדערשע מעסערלאַך, 10 ווירעס, 2 גרויסע שערן, 12 קלענערע שערלאַך, 10 „לאָבזיקעס”, 10 טוץ זעגעלאַך צו די „לאָבזיקעס” (№ 1—3).

אויסער דעם פאָלגנדיקע מ אַ ט ע ר י אַ ל ן: 1) ליים, 2) פּאַפּיר (ווייסע און קאָלירטע אַלבאָם=פּאַפּיר, פּאַפּיראָס=פּאַפּיר, איינבינדערשע פּאַפּיר, וויקל=פּאַפּיר), 3) קאַרטאָן, 4) בלייפעדערס (שוואַרצע און פאַרביקע), 5) אַקוואַרעל פאַרבן, 6) פּענזעלאַך, 7) קיילכלאַך, קרייט פאַרביקע, 8) קליי, גומיאַראַביק. 9) קראָכמאָל, 10) שפּאַגאַט.

### VI. אַ ק ל י י ן אַ פּ ט י י ק ל.

1) וואַטע, 2) אַ פּאָר איבערבינדערס (באַנדאַזשן), 3) מערלע, 4) יאָד, 5) וואַלעריאַן=טראָפּנס, 6) נאַשאַטיר ספּירעטעס, 7) בורוואַסער, 8) ביטער=זאַלץ, 9) סאָדע, 10) אינאזעמצעווס טראָפּנס. 11) באָר=זייער.

ב אַ מ ע ר ק ו נ ג: די ערשטע הילף אויפן שפּיל=פּלאַץ דאַרף דער לערער אַליין קענען געבן (ווי צו באַנוצן זיך מיט דעם אַפּטייקל דאַרף מען דערגיין ביים דאָקטאָר).

---

## § 5. דאָס פאַרשרייבן די קינדער.

ווען אַלץ, וואָס נייטיק איז אויף צו עפענען דעם שפּיל=פּלאַץ, איז שוין צוגעגרייט, קען מען צוטרעטן צו פאַרשרייבן די קינדער. דערביי דאַרף אויסגעפילט ווערן אַן אַנקעטע, וואָס זאָל ניט נאָר פעסטשטעלן דעם נאָמען, פאַמיליע, עלטער און וואוינאָרט פונם קינד, נאָר וואָס זאָל אויך געבן אַ בילד פון די באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס קינד לעבט.

איידער מען טרעט צו מיט די קינדער צו דער אַרבעט, דאַרף זיי באַקוקן אַ דאָקטאָר, כדי פעסטצושטעלן, צי ס'זיינען ניטאָ צווישן זיי אַזעלכע, וואָס קענען אָנשטעקן די איבעריקע מיט הויט=אָדער אַנדערע קלעפּיקע קראַנקייטן. דערביי דאַרף אויך אויסגעפילט ווערן די בייגעלייגטע מעדיצינישע אַנקעטע (זי קען אַ ביסל געענדערט ווערן).

זי האָט אָבער אַ זין נאָר דאַן, ווען סוף זומער ווערט זי

נאָכאַמאָל דורכגעפירט, כדי פעסטצושטעלן די ווירקונג, וואָס דער שפיל=פּלאַץ האָט געהאַט אויף די קינדער.

אויסער דעם איז זייער וויכטיק, אַז אַ שטענדיקער דאָקטאָר זאָל פּעריאָדיש (למשל, 1 מאָל אין וואָך) באַזוכן דעם שפּיל=פּלאַץ. ביי די באַזוכן דאַרף ער געבן מעדיצינישע הילף די קינדער, וואָס נייטיקן זיך אין דעם, ווי אויך פעסטשטעלן, וועלכע אַרבעטן קענען שעדלאַך ווירקן אויפן געזונט פון דעם אָדער יענעם קינד.

## § 6. די ערשטע טעג אויפן שפּיל=פּלאַץ.

אין די ערשטע טעג מוז מען זען דעם שפּיל=פּלאַץ צו ברענגען אין אָרדענונג. מ׳דאַרף אויסטיילן אַן אָרט פאַר באַוועגלאַכע שפּילן, פאַר קראָקעט, אויף צו מאַכן אַ גאָרטן וכדומה מאַכן דעם אָפּדאַך, איינאָרדענען די קאַנצעליאַריע, דעם סקלאַד. וכדומה ס׳איז זייער וויכטיק צוצוציען צו אַלע אַרבעטן די קינדער, נאָר דערביי דאַרף מען זיך, פאַרשטייט זיך, רעכענען מיט זייערע כחות און ניט געבן אַזעלכע אַרבעטן, וועלכע זיי זיינען ניט ביכולת דורכצופירן.

בעסער איז צו עפענען דעם שפּיל=פּלאַץ מיט איין קליין גרופּקעלע און דערנאָך די צאָל גרופּעס און די צאָל קינדער אין זיי ביסלאַכווייז פאַרגרעסערן.

איידער מען טרעט מיט די קינדער צו צו דער אַרבעט, איז וויכטיק צו באַקענען זיי מיט דעם, וואָס מ׳רעכנט מיט זיי צו טאָן. צוזאַמען מיט זיי דאַרף מען אויך באַשליסן, ווי און ווען צוצוטרעטן צו דער אַרבעט.

יעדער ווייטערדיקער טריט אין דער אַרבעט מוז פון אַ פריער אָרומגערעדט ווערן מיט די קינדער. די קינדער דאַרפן זיין

אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס ס'איז דאָ אויפן שפּיל=פּלאַץ און וואָס זיי קענען האָבן אין זייער רשות, כּדי זיי זאָלן ניט דאַרפן נאָך יעדער קלייניקייט זיך ווענדן צו די עלטערע.

דערנאָך ערשט, ווען דער שפּיל=פּלאַץ איז שוין אינגאַנצן איינגעאָרדנט, קענען די קינדער צוטרעטן צו דער אַרבעט, צום שפּילן א. אַז. וו.

ס'ווערן אויסגעקליבן אויף אַ געוויסע צייט משגיחים פון צווישן די קינדער, וועלכע דאַרפן פירן די רעגיסטראַציע, אויפ=האַלטן די אָרדענונג אויפן שפּיל=פּלאַץ, אויפראַמען די געבײַדע. אַלס משגיחים דאַרפן אויסגעקליבן ווערן אַלע קינדער לויט אַ געוויסן סדר. די קינדער אַליין דאַרפן אַכטונג געבן, אַז די השגחות זאָלן אָפּגעהיט ווערן.

די אַרבעט אויפן שפּיל=פּלאַץ הויבט מען אָן פון אַזעלכע באַשעפטיקונגען, אין וועלכע, עס קענען אָנטיילנעמען אַ סך קינדער, אויב ס'איז מעגלאַך—אַלע. (למשל, שפּילן, דערציילונגען א. אַז. וו.

ס'איז אָבער אויך מעגלאַך, אַז ניט אַלע קינדער וועלן וועלן נעמען אַן אָנטייל אין די דערמאָנטע באַשעפטיגונגען. זיי וועלן דאַן קענען אויסקלייבן אַ באַשעפטיקונג לויט זייער געשמאַק, מחמת זיי ווייסן, וואָס דער שפּיל=פּלאַץ פאַרמאָגט און גיט אין זייער רשות. איינער פון די קינדער=משגיחים דאַרף האָבן די אויפגאַבע אַרויסצוגעבן מאַטעריאַלן, מכשירים, אינסטרומענטן ווי איינצלנע קינדער אַזוי אויך אַ גאַנצער גרופּע.

ס'וואָלט אָבער זייער ווינשנסווערט געווען, אַז איינער פון די מיטאַרבעטער, לויט אַ געוויסן סדר, זאָל זיין תּמיד פריי, כּדי צו קומען צו הילף די קינדער, וואָס נעמען ניט קיין אָנטייל אין דער אַרבעט פון די גרופּעס. איינס דאַרף מען אָבער תּמיד געדענקען און האַלטן פאַר אַ כּלל: „אַלע קינדער מוזן זיין באַשעפ=טיקט. יעדער פון זיי מוז געפינען עפּעס אַזוינס, וואָס אינטערעסירט אים.

נאָר האַלטנדיק זיך ביי דעם כּלל, קאָן מען האָפן, אַז די דערציערישע אַרבעט וועט זיין גוט און מיט ערפאָלג אַוועקגעשטעלט.

---

## § 7. וואָס טוט מען אויפן שפּיל־פּלאַץ?

דאָס לעבן פון שפּיל־פּלאַץ איז פאַרשיידנאַרטיק. די קינדער שפּילן זיך, פאַרנעמען זיך מיט האַנט־אַרבעט, הערן אויס דערציילונגען פון די אָנפירער, שמועסן מיט זיי, אַרבעטן אין דער ביבליאָטעק און קאַנצעלאַריע, מאַכן עקסקורסיעס, גיבן אַרויס זשורנאַלן א. אַז. וו.

אויף צו באַקענען זיך מיט אַלע מינים אַרבעט פון שפּיל־פּלאַץ פאָדערט זיך זייער אַ סך צייט. מיין ציל איז דאָ מערניט קורץ אָנצווייזן די וועגן, ווי צו באַקענען מיט די דערמאָנטע אַרבעטן און די באַדינגונגען, ביי וועלכע זיי קענען דורכגעפירט ווערן.

דער ציל פון די אַלע אַרבעטן איז אַ דרייאיקער:

1) פאַרברייטערן די ידיעות פונם קינד. 2) איינשאַפן אים פּראַקטישע געוואוינהייטן און 3) די דערציאונג פון כאַראַקטער. ס'פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע דריי אויפגאַבן דאַרף מען גלייכצייטיק האָבן אין זינען און, צוטרעטנדיק צו איינער פון זיי, טאָר מען ניט פאַרגעסן אָן די איבעריקע.

אין אַלע אַרבעטן, וואָס ווערן דורכגעפירט אויפן שפּיל־פּלאַץ, דאַרף מען זיך האַלטן ביי די פאָלגנדיקע כּללים:

1) פאָרלייגן דעם קינד נאָר אַזאַ אַרבעט, וואָס איז אים פאַרשטענדלאַך און וואָס איז צענויפגעבונדן מיט זיין ביזאיצטיקער דערפאַרונג.

2) אַלץ דאַרף דורכגעפירט ווערן דורכן קינד אַליין.

3) קומען צו הילף דעם קינד דאַרף מען נאָר אין פאַלן פון אַז

אומבאַדינגטער נויטוועגדיקייט, ווען פּאַר אים האָבן זיך געשטעלט פראַגן, וועלכע ער אַליין איז באמת ניט ביכולת צו לייזן.

4) אויב די הילף ווערט געגעבן, דאַרף זי זיך אויסדריקן אין אַ רמז אויף דער מעגלאַכער לייזונג פון דער פראַגע.

5) יעדע אַרבעט, וואָס דאָס קינד אָדער דער אָנפירער האָט אָנגעהויבן, מוז דערפירט ווערן ביזן סוף.

6) דער אָנפירער דאַרף אין אַלץ, וואָס ווערט געטאָן אויפן שפּיל=פּלאַץ, נעמען דעם זעלבן אָנטייל ווי די קינדער און אונטער=וואַרפן זיך די זעלבע כללים, וואָס זיינען פאַר זיי גילטיק.

7) די כללים דאַרפן זיין אַיינגעפירט מיטן הסכם פון דעם קינדער=קאָלעקטיוו.

---

## § 8. אַ קורצע איבערזיכט איבער די אַלע מינים אַרבעט, וואָס קענען מיט ערפאָלג דורכגעפירט ווערן אויף אַ שפּיל=פּלאַץ.

### I. ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעק דאַרף שפּילן אויפן שפּיל=פּלאַץ אַ גרויסע ראָלע.

די גאַנצע טעכנישע אַרבעט אין דער ביבליאָטעק, ווי, למשל, צענויפשטעלן דעם קאַטאַלאָג, פאַרשרייבן די אַרויסגעגעבענע ביכער, צושרייבן די ניי=אָנגעקומענע א. אז. וו. דאַרף געפירט ווערן דורך די קינדער.

די סיסטעם פון אַרויסגעבן און צונעמען ביכער דאַרף אויך אויסגעאַרבעט ווערן דורך זיי. ס'פאַרשטייט זיך, פון אָנהייב וועט ביי זיי גיין אָן אַ סיסטעם.

זיי וועלן דערגיין צו איר נאָר ביסלאַכווייז, אונטער דער

ווירקונג פון די שווערקייטן, וועלכע זיי וועלן באַגעגענען אין דער אַרבעט.

זיי וועלן, למשל, אַרויסגעבנדיק אַ בוך, זוכן די פאַמיליע פון אַבאָנענט. אויב די פאַמיליעס זיינען פאַרשריבן אָן אַ שום סדר, וועלן זיי פטרן אַ סך צייט, איידער זיי וועלן זי געפינען. סוף-כּל-סוף וועלן זיי קומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין דער רשימה פון די אַבאָנענטן מוז מען אַריינפירן אַ געוויסע אָרדענונג: מען דאַרף זי צענויפשטעלן לויטן א״ב אָדער נומערירן זי כּסדר, און יעדעס קינד זאָל וויסן-זיין נומער א. אז. וו.

דער אָנפירער דאַרף זען וואָס ווייניקער אַריינצומישן זיך אין דער אַרבעט פון די קינדער. ער דאַרף אָבער צוזאַמען מיט זיי באַטראַכטן די שווערקייטן, וואָס באַגעגענען זיך ביי דער אַרבעט, און אָנמערקן די נייסן, וועלכע ס'איז געוואונשן איינצופירן.

דער אָנפירער דאַרף פירן די גאַנצע אידעאישע אַרבעט אין דער ביבליאָטעק: ער דאַרף העלפן די קינדער אויסקלייבן ביכער, צוציען זייער אויפמערקזאַמקייט צו דעם אָדער יענעם ווערק א. אז. וו.

ליטעראַטור:

1) Бине. Детская литература. (2 Хавкина. Книга и библиотека (глава: Детская библиотека).

## II. דערציילונגען.

מ'דאַרף זיך תּמיד האַלטן פאַרן כּלל: ניט פאַרלייענען די קינדער פון בוך.

אַ דערציילונג, אַ מעשהלע קומען אַרויס אַ סך לעבעדיקער און אינטערעסאַנטער, ווען מען דערציילט זיי, איידער ווען מען לייענט זיי. מ'דאַרף זייער און זייער גוט קענען לייענען, כּדי צו פאַראינטערעסירן די קליינע צוהערער. ביים דערציילן גיט זיך דאָס איין אַ ביסל גרינגער. מען מוז זיך פריער, פאַרשטייט זיך, גוט צוגרייטן צו דער דערציילונג, מ'דאַרף גענוי זיך באַקענען מיטן

אינהאַלט, אויסטיילן די מער וויכטיקע און אינטערעסאַנטע ערטער, איבעראַרבעטן, אויב ס'איז נויטיק, אַזוי, אַז זיי זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו דעם עלטער אין פאַרשטאַנד פון די קינדער א. אז. וו.

דאָס דראַמאַטיזירן קען דערביי געבן אַ באַדייטנדע הילף ביים פאַרפעסטיקן אין זכרון און אויפקלערן דעם אינהאַלט פון די מעשהלאַך און די דערציילונגען. צו דעם מיטל דאַרף מען אָבער צוטרעטן פאָרזיכטיק: מען דאַרף דראַמאַטיזירן נאָר אַזעלכע זאַכן, אין וועלכע ס'איז דאָ אַ סך האַנדלונג. דערביי אויסמיידן אַזעלכע פאָרשטעלונגען, וואָס קענען שלעכטווירקן אויף די נערוון פון די קינדער א. אז. וו. אָפטמאָל איז צוועקמעסיק און אינטערעסאַנט פאָרצולייגן די קינדער צייכענען דאָס, וועגן וואָס מען האָט זיי דערציילט.

די צייכענונגען וועלן ווייזן, אויף וויפיל די קינדער האָבן באַנומען דאָס, וואָס מע האָט זיי דערציילט.

מ'קען דאָס פאָרלייגן אין אַ קורצע צייט אַרום נאָך דעם, ווי מען האָט דערציילט.

ס'איז ווינשנסווערט צו פאַרבינדן די דערציילונגען מיט דער אַרבעט אין דער ביבליאָטעק.

דער דערציילער דאַרף אָנווייזן דאָס בוך, פון וועלכן ער דערציילט, ווי אויך אַנאַלאָגישע, וואָס געפינען זיך אין ביבליאָטעק.

ס'איז ווינשנסווערט אויסצוהייגנען פלאַקאַטן וועגן זיי.

## ליטעראַטור:

1) Коровяков. Искусство чтения 2) Свентицкий. Рассказывание 3) Е. и Дж. Партриджи. Как и что рассказывать в школе и дома 4) Джонсон-Финлей. Драматизация, как метод преподавания.

## III. עקסקורסיעס.

די עקסקורסיעס פאַרברייטערן דעם האָריזאָנט און די ידיעות פונם קינד. זיי גיבן די מעגלאַכקייט אַוועקצושטעלן ברייט די ביל־דונגס־אַרבעט אויפן פלאַץ.

די קינדער באַקענען זיך אויף די עקסקורסיעס מיט פאַרשייד־דענע היסטאָרישע דענקמעלער, מיט דער אַרבעט אויף פאַבריקן און זאַוואָדן, זיי דערלערנען דאָס לעבן פון די פעלדער און וועלדער, לאָנקעס, גערטנער און סעדער ניט לויטן בוך, נאָר קומענדיק דירעקט אין באַרירונג מיט זיי.

די טעמע פון דער עקסקורסיע דאַרף זיין פון פריער אָנגעמערקט. די קינדער דאַרפן, אויף וויפיל ס׳איז נאָר מעגלאַך, ניט זיין צו פיל געבונדן מיט דער טעמע, אָבער דער אָנפירער טאָר ניט אַרויסלאָזן פון אויג דעם אָנגעמערקטן ציל.

מ׳פרעגט אָפט, צי מען דאַרף אַפריער באַקענען די קינדער מיט דער טעמע.

דאָס הענגט אָפּ פון עלטער פון די קינדער און פון דער טעמע פון דער עקסקורסיע.

קליינע קינדער באַנעמען געוויינלאַך זייער שלעכט טעאָרע־טישע שמועסן וועגן זאַכן, וועלכע זיי האָבן אונמיטלבאַר נאָך ניט געזען.

אָבער אויך ניט אַלע עקסקורסיעס, וואָס ווערן געמאַכט מיט עלטערע קינדער, פאָדערן איינפיר־שמועסן. וויכטיק איז אָבער דער־נאָך צו פאַרבינדן די עקסקורסיע מיט שמועסן און מיט דער אַרבעט אין ביבליאָטעק.

## IV. האַנט־אַרבעט.

האַנט־אַרבעט שפּילט אויך אַ וויכטיקע ראָלע אויפן שפּיל־פּלאַץ.

זי דאַרף זיין ענג פאַרבונדן מיט די באַדערפעניש פון פלאַץ און פון די קינדער. קיין סתם האַנט־אַרבעט (אָן אַ צוועק און אָן אַ ציל) טאָר ניט דערלאָזן ווערן. קיין אַרבעט „ווי ס׳איז״ — דאַרף אויך ניט האָבן קיין אָרט אויפן פלאַץ.

אין האַנט=אַרבעט, ווי בכלל אין אַלץ, וואָס דאָס קינד טוט, דאַרף זיך אַרויסווייזן זיין אינדיווידואַליטעט.

דער באַגריף האַנט=אַרבעט איז כולל אין זיך פאָלגנדיקע אַרבעטן: צייכענען, אַפּליקאַציע (אויסשניידן פון פּאַפּיר), קלעפּן פון ליים, אַרבעטן פון פּאַפּיר און קאַרטאָן, איינבינדעריי, סטאָלעריי, אַרבעטן פון פאַרשיידענע שטיקלאַך (אָפּפאַל).

## א) צייכענען און אַפּליקאַציע.

די מאַטעריאַלן, וואָס זיינען נויטיק צו די דאָזיקע אַרבעטן, זיינען אָנגעוויזן אין § 4, סימן V, איבערהויפּט אין דער 2=טער העלפּט.

בשעתן צייכענען און אויסשניידן פון פּאַפּיר דאַרף מען די קינדער געבן די פולע פרייהייט.

נאָר זעלטן, ווען מען וויל זיך איבערצייגן, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט אויפן קינד די אָדער יענע דערציילונג און וואָס פאַר אַ קאָנקרעטע פאָרשטעלונגען ער האָט פון איר אַרויסגעטראָגן—קען מען פאָרלייגן די קינדער די דערציילונג צו אילוסטרירן.

מ׳קאָן אָבער, פאַרשטייט זיך, ניט צווינגען דעם קינד אויס= צופירן די אַרבעט, מחמת כמה וכמה טעמים. קודם=כל דערפאַר, וואָס דאָס איז ניט דערלאָזבאַר פון שטאַנדפּונקט פון כאַראַקטער= אויסבילדונג, און בכלל קאָן דאָס ניט דערלאָזט ווערן, מחמת ביי אַזעלכע באַדינגונגען קען ניט דורכגעפירט ווערן די אויפגאַבע פון פאָרשן, וועלכע מען האָט זיך געשטעלט.

בעסער פון אַלץ איז צו געבן צייכענען פון דער נאַטור און לויטן זכרון. אויסשניידן לויט אַ קאָנטור דאַרף מען ניט דערלאָזן.

דאָס צייכענען און אויסשניידן פון פּאַפּיר קען מען אָפּט פאַרבינדן מיט די באַדערפעניש פון שפּיל=פּלאַץ. למשל, ווען מען דאַרף דעקאָרירן, מאָלן פּלאַקאַטן א. ד. גל.

### ב) קלעפּן.

צום קלעפּן זיינען נויטיק פאָלגנדיקע מאַטעריאַלן: ליים, „סטעקעס" און ברעטעלאַך, אויף וועלכע מען זאָל קענען האַלטן די ליים כּדי ניט באַשמוצן בשעתן אַרבעטן די טישן. אַלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן צייכענען, איז אויך נוגע קלעפּן.

### ג) אײַנבינדערײַ.

צום אײַנבינדן ביכער דאַרף מען גאָר כּמעט קיין אינסטרו-מענטן ניט.

אַ גוט אָנגעשאַרפטער מעסער, אַ פּאָר ווירעס, אַ ברעטל און אַ שפּאָגאַט—דאָס איז אַלץ, וואָס ס'איז נויטיק.

אײַנבינדערשע אַרבעט, אַפילו פון דער ביבליאָטעק אַליין, וועט זיין אויפן שפּיל-פּלאַץ איבערגעגוג.

ס'זיינען צו דער אַרבעט אויך נויטיק פאָלגנדיקע מאַטעריאַלן: אײַנבינדערשע פּאַפּיר, דעקל-פּאַפּיר, קאַרטאָן, קליי, סאַרע פּאָדים און נאָדלען.

### ליטעראַטור.

1) Порецкий. Давайте работать. 2) Архангельский. Как самому переплетать книги.

### ד) סטאָלעריי אַרבעט.

אַ האַמער און אַ זעג, אַ האַק און נעגל דאַרפן תּמיד זיין אין רשות פון שפּיל-פּלאַץ.

אַ קליינעם רעמאָנט אויפן פּלאַץ, איינפאַכע הילצערנע זאַכן, וואָס זיינען נויטיק צו דער אַרבעט, ווי, למשל, פּאָליצקעס א. ד. גל דאַרפן די קינדער אַליין קענען מאַכן.

מען דאַרף ניט מורא האָבן און ציטערן צו געבן די קינדער אינסטרומענטן אין האַנט: די פּראַקטיק פון אייניקע קינדער-גערט-נער האָט באַשיינפּערלאַך באַוויזן, אַז קינדער אַפילו פון 5—6 יאָר באַהערשן גאָרניט שלעכט סטאָלערשע געצייג.

## ה) אָפּפאַל.

אַ סך אינטערעסאַנטע און נוצלאַכע זאַכן קענען געמאַכט ווערן פון אָפּפאַל: פון שטיקלאַך האָלץ, פּאַסקעס פּאַפּיר, פון קליינע רעשטלאַך לייוונט און בכלל צייג, וואָס פאַלן אָפּ בשעת דער אַר־בעט און וואָס מ׳קען קריגן ביי יעדן שניידער אָדער שניידערקע; פון שפּולקעס פון באַוול, ליידיקע פּושקעס פון שוועבעלאַך א. ד. גל.

די אַרבעט פון שטיקלאַך אָפּפאַל, אויסער דער דערצי־ערישער באַדייטונג פון האַנט־אַרבעט בכלל, האָט נאָך אַ ספּעציפישע באַדייטונג: זי לערנט דעם קינד צו שאַנעווען יעדע קליינקייט, און אויסצונוצן אַלץ, וואָס ס׳מאַכט זיך נאָר אונטערן האַנט.

איך האָב דאָ אָנגעוויזן אייניקע מינים האַנט־אַרבעט, וועלכע מ׳קען לייכט און אָן גרויסע הוצאות דורכפירן אויף אַ פלאַץ.

ביי גרעסערע מיטלען קען די אַרבעט ווערן פאַרשיידנאַר־טיקער. מ׳דאַרף אָבער זען, די קינדער זאָלן זיך ניט וואַרפן פון איין זאַך צו דער אַנדערער, און ס׳זאָל ניט זיין ביי זיי קיין לייכטזיניקע באַציאונג צו דער אַרבעט. די ערשטע צייט אַלענ־פאַלס דאַרף די צאָל אַרבעטן אויפן שפּיל־פּלאַץ זיין באַגרעניצט.

## V. שפּילן.

דאָס שפּילן — דאָס איז איינער פון די וויכטיקסטע טיילן פון דער פּראָגראַם פון שפּיל־פּלאַץ. די שפּילן קען מען פונאַנדערטיילן אין 2 גרויסע גרופּעס:

1) באַוועגלאַכע שפּילן.

(שפּילן מיט אַ פּילקע, קייקלען אַ רייף, איינער אַן איבעריקער, קאַרטאָפל קלייבן א. אַנד.)

2) רואיקע שפּילן — אומבאַוועגליכע.

(ריטש־ראַטש, לאָטאָ, דאָמינע, דאַמקע א. אַנד.)

יעדערע פון די 2 גרופּעס קען געטיילט ווערן אויף שפּילן אינדיווידועלע און שפּילן קאָלעקטיווע.

ביים שפּילן דאַרף מען אומבאַדינגט זיך רעכענען מיטן עלטער פון די קינדער, מיט זייערע פיזישע און פּסיכישע באַזונ-דערהייטן און מיטן כאַראַקטער פון שפּיל.

ביים דורכפירן שפּילן דאַרף מען האָבן אין זינען אָט וואָס:

1) פון די קאָלעקטיווע שפּילן דאַרפן דעם ערשטן אָרט פאַרנעמען די, אין וועלכע ס׳קענען אָנטיילנעמען אַ וואָס גרעסערע צאָל קינדער.

2) פּאַרטיי-שפּילן—אַריינפירן בהדרגה, ביסלאַכווייז. (מ׳דאַרף דערביי זען, אַז דער מאָמענט פון וועט-קאַמף זאָלן ניט אַריינטראָגן קיין שנאה און בייזקייט צווישן די קינדער).

3) ס׳טאָרן ניט דערלאָזט ווערן קיין פיקסירטע גרופּעס קינדער.

4) ביים אָנהייב פון דער אַרבעט דאַרף מען ניט אַריינפירן אַזעלכע שפּילן, וואָס ציען צופיל אַריין די קינדער, מחמת זיי שטערן דורכצופירן אַנדערע אַרבעטן.

5) מ׳דאַרף זיך רעכענען מיט די פיזישע כּוחות פונם קינד און מיט די פאָרשריפטן פון דאָקטאָר.

6) מ׳דאַרף זען, אַז יעדער שפּילער זאָל האָבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער שפּיל און אירע כּללים.

7) מ׳דאַרף אויסקלייבן אַ שופט, וואָס זאָל אַנטשיידן די שטרייט-פראַגן, וועלכע שווימען אַרויף בשעתן שפּילן.

8) מיט דער הסכּמה פון די קינדער קען דער אָנפירער פאַררעכנט ווערן אַלס שופט.

## ליטעראַטור.


1) Финлей Джонсон.
Игры и их воспитательное значение.

2) מ. אָקון—גאָלדבערג.
באַוועגלאַכע שפּילן. (ארויסגעגעבן פון דער חברה „אָזע״).

3) Лесгафт: Физич. воспитание.

4) Филитис: Подвижные игры.

## VI. געזאַנג.

אין פּראָגראַם פון שפּיל=פּלאַץ גייט אויך אַריין געזאַנג. ס'זיינען דאָ פּאָלגנדיקע זאַמלביכער פון קינדער=לידער:

1) „זאַמלבוך פון קינדער=לידער און קינדער=געדיכטן" פון לאַנדינסקי (וואַרשע)

2) „זאַמלבוך פון קינדער=לידער און שפּילן מיט געזאַנג" פון א. בולקין און ל. עפראָן (ווילנע)

3) „קינדערלידער פאַר קינדערהיימען" פון שאַליט (פּעטראָגר.)

4) „לידער=בוך פאַר שול און פאַמיליע" פון ז. קיסעלהאָף (פּעטראָגראַד)

5) „זאַמלבוך פון קינדער=לידער" פון מ. ענגעל (מאָסקווע).

---

## § 9. היגיענע פון שפּיל=פּלאַץ.

ס'דאַרפן שטרענג אָפּגעהיט ווערן פּאָלגנדיקע כּללים פון היגיענע:

1) דער שפּיל=פּלאַץ דאַרף תּמיד זיין ריין אָפּגעראַמט: קיינע פּאַפּירלאַך, סטרוזשקעס און בכלל מיסט טאָר זיך אויף אים ניט געפינען.

2) אויפן שפּיל=פּלאַץ מוז זיין אַ קלאָזעט, ער דאַרף אָבער ווערן אַרומגעצאַמט און געפינען זיך ווייט פון דעם אָרט, וואו די קינדער פאַרברענגען.

מ'דאַרף לערנען די קינדער ניט שמוצן און האַלטן ריין דעם קלאָזעט.

3) יעדן טאָג, איידער די קינדער קומען, דאַרף צוגעגרייט ווערן אַ פאַס געקאָכטע וואַסער אויף צו טרינקען.

4) איידער מען טרעט צו צו דער אַרבעט, דאַרף דער אָנפירער ביי זיך אין גרופּע יעדן טאָג איבערקוקן ביי די קינדער די הענט, די פיס דעם קאָפּ און די בגדים. איין מאָל אין וואָך — אויך די וועש.

5) ס׳דאַרף זיין אַ קראַן מיט וואַסער, וואו די קינדער זאָלן קענען פאַרן עסן און פאַר דער אַרבעט וואַשן די הענט.

6) יעדע וואָך דאַרפן די קינדער געפירט ווערן אין באָד.

7) מ׳דאַרף בכלל תמיד געוואוינען די קינדער צו ריינקייט: ריין האַלטן די אינסטרומענטן, די מכשירים, די מאַטעריאַלן א. אז. וו.

8) אויב אויפן שפּיל־פּלאַץ איז שטויביק, מוז מען אים אַלע טאָג באַגיסן.

---

## § 10. אַליינפאַרוואַלטונג.

אין אַ סך אַנשטאַלטן, וואו ס׳ווערט דורכגעפירט דער פּרינציפּ פון אַליינפאַרוואַלטונג, נעמט ער אָן משונהדיקע פאָרמען, וועלכע קענען, אויסער שאָדן, קיין זאַך ניט ברענגען.

און דאָס איז אָט פאַרוואָס:

1) די אָרגאַנען פון אַליינפאַרוואַלטונג ווערן באַשאָנקען מיט מאַכט, און מאַכט ווירקט דעמאָראַליזירנדיק ניט נאָר אויף דערוואַקסענע, נאָר אויך אויף קינדער.

2) די אָרגאַנען ווערן געשאַפן אָפּטמאָל נאָך דאַן, ווען מען נייטיקט זיך ניט אין זיי, ווען קיין אַרבעט איז פאַר זיי ניטאָ -- ד. ה. זיי ווערן ניט אַרויסגערופן דורכן לעבן און דורך דער אַרבעט אין די אַנשטאַלטן. כדי אויסצומיידן אַזעלכע ניט געוואונשענע ערשיינונגען, דאַרף מען זען, אַז די אָרגאַנען פון אַליינפאַרוואַלטונג זאָלן ניט פאַרוואַלטעווען, נאָר אַרבעטן.

בעסער פאַר אַלץ וואָלט געווען אויסצומיידן אַזעלכע קלינגעדיקע נעמען ווי אַליינפאַרוואַלטונג, קאָמיטעט, קאָמיסיע א. ד. גל.

די דאָזיקע נעמען זיינען איבעריק, אויב זיי זיינען ניט פאַרשטענדלאַך.

אויב זיי זיינען יאָ פאַרשטענדלאַך — זיינען זיי שעדלאַך.

גוט איז צו באַנוצן ניט קיין שרייאיקע נעמען ווי משגיח, ביבליאָטעקאַר א. ד. גל.

די אָרגאַנען פון אַליינפּראַוואַלטונג דאַרפן געשאַפן ווערן צו דער צייט, דאַן, ווען דאָס לעבן — די אַרבעט אויפן שפיל-פּלאַץ פאָדערט זיי: מ׳דאַרף אויפּראַמען דעם שפּיל-פּלאַץ — קלייבט מען משגיחים, מ׳דאַרף שאַפן די ביבליאָטעק — קלייבט מען אַ ביבליאָ-טעקאַר, געהילפן א. אַז. וו.

דאָס דאַרפן זיין, חזר איך נאָך אַמאָל איבער, אויסשליסלאַך אַרבעטס-אָרגאַנען.

די מיטגלידער פון די פּאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען האָבן אַליין קיין מאַכט ניט, קיינע זכיות און פּריווילעגיעס ניט אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע קינדער: זיי נעמען אַן אָנטייל אין דער אַרבעט פון שפיל-פּלאַץ אויף די זעלבע יסודות, ווי אַלע איבעריקע זייערע חברים.

די אָרגאַנען פון אַליינפּאַרוואַלטונג דאַרפן איינגעפירט ווערן ביסלאַכווייז, בהדרגה.

גוט איז, ווען די קינדער אַליין, אין משך פון דער אַרבעט, דערגייען צום געדאַנק פון אַליינפּאַרוואַלטונג.

---

## § 11. טאָג-בוך.

יעדער אָנפירער פון אַ גרופּע דאַרף האָבן אַ טאָג-בוך, וואו ער פאַרצייכנט אַלץ, וואָס קומט פאָר אויפן שפּיל-פּלאַץ (איבער-הויפּט אין זיין גרופּע) און וואָס האָט אַוועלכע ניט איז באַדייטונג. אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום לעבן און שאַפן פון דעם אָדער יענעם קינד, ווערט אויך פאַרנאָטירט אויף אַ באַזונדערן נאָמענט-לאַכן בויגן, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט, וו״ו ס׳געפינען זיך זיין פראַגע-בויגן און די מעדיצינישע אַנקעטע.

אין טאָג-בוך איז וויכטיק צו פאַרצייכענען פאַרשיידענע סטאַטיסטישע ידיעות, למשל, די צאָל קינדער, וואָס באַזוכן יעדן

טאָג דעם שפּיל־פּלאַץ, די צאָל קינדער וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער אָדער יענער שפּיל אָדער אַרבעט, ווער ס'פאַרנעמט זיך בשעת דער אַרבעט פון דער גרופּע מיט אַנדערע באַשעפטיקונגען און מיט וואָסערע א. אַז. וו.

דער פאַראַנטוואָרטלאַכער מיטאַרבעטער דאַרף פירן אַזאַ טאָג־בוך פאַרן גאַנצן שפּיל־פּלאַץ.

---

## § 12. פּעדאַגאָגישער ראַט.

דער פּעדאַגאָגישער ראַט פון שפּיל־פּלאַץ דאַרף צענויפרופן זיינע זיצונגען רעגולירער און ניט זעלטענער ווי 1 אָדער 2 מאָל אין וואָך.

די פראַגן, וואָס ווערן באַהאַנדלט אויף די ראַטן, דאַרפן זיין הויפּזעכלאַך פּעדאַגאָגישע וועגן דער פאַרגאַנגענער אַרבעט, אַזוי אויך וועגן דער אָנגעמערקטער אויף שפּעטער. מאַטעריאַלן פאַר די פּעדאַגאָגישע ראַטן דאַרפן געבן די טאָג־ביכער.

אַלץ, וואָס ווערט גערעדט און געטאָן אויף די פּעד. ראַטן, דאַרף גענוי פאַרפּראָטאָקאָלירט ווערן.

ס'איז ווינשנסווערט, אַז אויף די זיצונגען פון פּעד. ראט זאָלן אויך באַטראַכט ווערן פראַגן פון דער אַלגעמיינער פּעדאַגאָגיק.

---

## § 13. דאָס זאַמלען פון די קינדערשע אַרבעט.

די אַרבעט פון יעדן פּעדאַגאָג דאַרף נאָך זיך לאָזן אַ געוויסן שפּור.

זיין ערפאַרונג דאַרף ניט גיין פאַרלאָרן פאַר אַנדערע.

דאָס ווערט דערגרייכט 1) דורך די טאָג־ביכער 2) דורכן זאַמלען די קינדערשע אַרבעט.

די קינדערשע אַרבעטן דאַרף מען קענען זאַמלען.

יעדע אַרבעט דאַרף באַזאָרגט ווערן מיט אַ צעטעלע, וואו ס'איז פאַרצייכנט: 1) דאָס געשלעכט פון קינד, 2) זיין עלטער, 3) וואָס דאָס קינד האָט געוואָלט מאַכן, 4) אונטער וואָס פאַר אַ ווירקונג עס איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, 5) באַזונדערע באַמערקונגען. גוט איז, ווען ס'איז בייגעלייגט די זאַנקעטע וועגן לעבן און שאַפן פונם קינד אויפן שפּיל־פּלאַץ.

---

# פראגע-בויגן.

(מ׳דאַרף אים אויספילן ביים אָננעמען דאָס קינד אויפן שפּיל=פּלאַץ)

1) לויפנדער № ביים פאַרשרייבן..........................

2) שטאָט אָדער שטעטל..........................

3) נאָמען (אָדער №) און אַדרעס פון שפּיל=פּלאַץ..........................

..........................

4) פאַמיליע און נאָמען פונם קינד..........................

5) דאַטע פון געבורט..........................

6) צי ס׳לעבן { דער פאָטער .......................... / די מוטער ..........................

באַשעפטיקונג { פון פאָטער .......................... / און מוטער ..........................

צי קען לייענען און שרייבן דער פאָטער?..........די מוטער?..........

7) ביי וועמען וואוינט דאָס קינד?..........................

8) דער צוזאַמענשטעל פון דער משפּחה:

א) דערוואַקסענע פון 15 יאָר..........................

ב) קינדער ביז 15 יאָר..........................

9) מוטער-שפּראַך..........................

10) וואָס פאַר אַ שול באַזוכט עס און וויפיל צייט פאַרברענגט עס אין איר?..........................

11) אַדרעס פון דער שול ..............................

12) אַדרעס פונ׳ם קינדס וואוינונג ..............................

13) וואָס פאַר אַ דירה (ליכטיקע, טרוקענע, פינסטערע, פייכטע, וואַרימע, קאַלטע)? ..............................

פאַר זיך, צי אַ צימער, אַ ווינקל, אַ בעטל ..............................

14) ווי נערט זיך דאָס קינד אינדערהיים? ..............................

15) וואָס פאַר אַ קרענק האָט עס אריבערגעטראָגן פון געבורטסטאָג אָן ביזן אָנקומען אויפן שפּיל-פּלאַץ? ..............................

..............................

16) צי האָט עס פיזישע פעלערן? ..............................

17) מיט וואָס האָט עס ליב צו פאַרנעמען זיך אינדערהיים?

..............................

18) צי פאַרנעמט עס זיך מיט שטוביקע אַרבעט? ..............................
אויב יאָ — מיט וואָסערע? ..............................

19) דער געזונט-צושטאַנד פון די עלטערן (קראַנקייטן בירושה) אלקאָהאָליזם, מפילאַך אין דער משפחה, נערוון-און גייסטיק-קראַנקע,

..............................

20) באַמערקונגען ..............................

..............................

..............................

## די רעזולטאַטן פון דער מעדיצינישער אונטערזוכונג.
(מעדיצינישע אַנקעטע) *)

(די ערשטע 6 פונקטן ווי אין פראַגע־בויגן)

פּאָקן (ביזן אָנקומען אויפן שפּיל־פּלאַץ)
ווען איז צום 1־טן מאָל געשטעלט געוואָרן פּאָקן? ................................ צי איז געווען אַ רעוואַקצינאַציע און ווען? ................................ מיט וועלכן רעזולטאַט? ................................

................................................................................................

צי האָט דאָס קינד געהאַט ביזן אָנקומען אויפן שפּיל־פּלאַץ
נאַטור פּאָקן, מאָזלען, סקאַרלאַטין, דיפטעריט, קדחת, קייכהוסט, פלעק אָדער בויך־טיפוס אָדער אַנדערע ערנסטע קראַנקהייטן און וועלכע? ................................

................................................................................................

| | ביים אָנקומען | סוף זומער |
|---|---|---|
| | ................ | ................ |
| קערפּערבוי: שטאַרקער, מיטעלער, שוואַכער. | | |
| דערנערונג: גוטע, באַפרידיקנדע, שלעכטע. | | |
| וואוקס: (אין סאַנטים.) | | |
| געוויכט: (אין קילאָגראַם.) | | |

*) אויסגעאַרבעט דורך דער חברה „אָזע״ אין ווילנע.

| | ביים אָנקומען | סוף זומער |
|---|---|---|
| **ברוסטאומפאַנג:** (אין סאַנטים.) | | |
| **הויט:** נאָרמאַל, עקזעמאַ, פורונקולאָז, קרעץ, שיילנדיקער לישאַי, פאַרך. | | |
| **דריזן:** נאָרמאַלע, מעסיקפאַרגרעסערט, פיל פאַרגרעסערט | | |
| **סקעלעט:** נאָרמאַלער, רוקן אויסגעקרימט (רעכטס, לינקס, פאָראויס, צוריק), שפורן פון דער דער ענגלישער קרענק. | | |
| **אַלגעמיינע קראַנקייטן:** בלוטאָרימקייט, זאָלאָטוכע, טובערקולאָז, פון די ביינער. א. אז. וו. | | |
| **אויערן:** נאָרמאַלער געהער, שוואַכער געהער=אָנווער, מאַטעריעפלוס, דורכגעריסענע אויערהייטל. | | |
| **אויגן:** נאָרמאַלע ראיה, קורצזיכטיקייט, ווייטזיכטיקייט, בלינדקייט, קאָניונקטיוויט, בלעפאָריט, טראַכאָם, בעלמעס, קאַסאָקע. | | |
| **נאָז און נאָזקאַנאַלן:** נאָרמאַל, כראָנישער קאַטאַר, אדענאָאידן און פאַליפּן. | | |

| | ביים אָנקומען | סוף זומער |
|---|---|---|
| ציינער: קאַריאָזע } וויפיל? | | |
| פּעלנדע | | |
| אומנאָרמאַלער וואוקס. | | |
| האַרץ. נאָרמאַל, | | |
| קריינקלאַכע ערשיינונגען. | | |
| אויסשפּראַך: נאָרמאַלע, פאַרהיקען, שאַפּעט, רעדט אונטערן נאָז, שעפּעליאַוועט. | | |
| נערוון=סיסטעם: קאַפּווייטאָג, קאָנוואולסיע, טיק, אורין אונטער זיך. | | |
| געברוך: דאָ, ניין. | | |
| קראַנקייטן אין פאַרלויף פון דער צייט, וואָס דאָס קינד איז געווען אויפן שפּיל=פּלאַץ. | | |



# אינהאלט:





---

